נומער 1




# ווער איז געווען

# טשארלס רוטנבערג

## דער גרינדער פון דער אמעריקאנער קאמוניסטישער פארטיי

פון

## י. א. ראנטש

פארלאג
אינטערנאציאנאלער ארבעטער ארדן
80 פינפטע עוועניו, ניו יארק

# 1. אָן עמעסער העלד פון דער אַמעריקאַנער געשיכטע

אין יעדער שטאָט און שטעטל בײַ אונז אין לאַנד געפינען מיר שיינע מאָנומענטן, וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן צו העלדן פון דער לעצטער מיל־כאָמע, אָדער פון פריערדיקע מילכאָמעס. די העלדן זיינען געוויינלעך גענע־ראַלן, וואָס זיצן אויף שטאָלצע פערד און האַלטן בלויזע שווערדן אין די הענט.

ווען מיר זאָלן אַ טראַכט טאָן אין וואָס באַשטייט די העלדישקייט פון די גענעראַלן, וועלן מיר אויסגעפינען, אַז זיי האָבן געהאָלפן פאַרגיסן מענטשלעך בלוט, בלוט פון יונגע אַרבעטער און פאַרמערס. אין אַלע מיל־כאָמעס זיינען די רייכע, די גענעראַלן און די אָפיצירן, די וואָס הייסן די סאָלדאַטן גיין אין פייער אַריין און אַליין האַלטן זיי זיך פון הינטן און בלייבן לעבן. נאָכדעם, ווען די מילכאָמע ענדיקט זיך, קומען זיי אַהיים און באַרימען זיך מיט זייער „העלדישקייט"...

די מילכאָמעס ווערן געפירט פון די רייכע און פאַר די רייכע. מע קריגט זיך צוליב רויב, מע וויל דערשטיקן דעם שוואַכערן. די אַרבעטער פאַרלירן זייערע לעבנס, די מאַמעס — זייערע קינדער, נאָר זיי געווינען גאָר־נים פון דער מילכאָמע, מעג זייער לאַנד האָבן געוואונען. מיינען מיינט דאָס אַז די קאַפּיטאַליסטן פון לאַנד האָבן געוואונען, זיי וועלן נאָך רייכער ווערן, די מאַסן וועלן אָרעמער ווערן.

דערפאַר פאַרשטייען מיר, אַז די גענעראַלן אויף די שטאָלצע פערד, וואָס מיר זעען אויף די מאָנומענטן, זיינען פאַר אונז אין דער עמעסן נים קיין העלדן, נאָר בלוטיקע סאָנים אונזערע. אָן עמעסער העלד איז דער וואָס האָט געוואָלט פאַרהיטן, אַז דאָס אַרבעטער־בלוט זאָל זיך נים גיסן אומזיסט, וואָס האָט אויפגעקלערט דעם אַרבעטער, אַז ער זאָל זיך נים לאָזן פאַרנאַרן מיט קיין זיסע רייד, מיט שיינע מונדירן און רוישיקער מוזיק, צו גיין אין מילכאָמע אַריין פאַר די רויבער.

האָבן מיר אַזעלכע העלדן בײַ אונז אין לאַנד? איר האָט זיכער גע־הערט, וואָס לענין האָט אויפגעטאָן פאַר די רוסישע אַרבעטער. ער האָט זיי געהייסן אָפּשטעלן האַרגענען זייערע ברידער, די אַרבעטער פון אַנדערע לענדער. ער האָט זיי געוויזן קעגן וועמען מע דאַרף יאָ מילכאָמע האַלטן. די רוסישע אַרבעטער האָבן אים געפאָלגט, באַפרייט זיך פון דער הערשאַפט

פון דעם מערדערישן צאר, די רויבערישע קאפּיטאַליסטן און די פאַלשע פריינט זייערע — די „הייליקע“ רעליגיעס.

איר האָט אויך זיכער געהערט פון די דייטשע העלדן, ווייל זיי האָבן די אַרבעטער געוויזן דעם עמעס און געהייסן זיי ניט גיין אין מילכאָמע אריין פאַר די פּאַראַזיטן, נאָר טאָן אין דייטשלאַנד דאָס, וואָס די אַרבעטער האָבן געטאָן אין רוסלאַנד.

בא אונז, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן מיר אויך אַזעלכע עמעסע העלדן, וואָס זיינען די לערער און פריינט פון די אַרבעטער. געוויס וועט מען אייך אין די פּאַבליק סקולס ניט דערציילן וועגן זיי, ווייל אייערע לערער מוזן אייך לערנען דאָס וואָס די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג הייסט. און ווייל די רייכע גרייטן זיך ווידער צו אַ נייער מילכאָמע, איז נאַטירלעך, אַז מע זאָל אין די סקול קינדער איינפּלאַנצן דעם „פּאַטריאָטישן“ גייסט צו זייער לאַנד — צום לאַנד וואָס באַלאַנגט צו די רייכע און וואָס איז געוואָרן רייך פון אַרבעטער הענט און מי.

יעדעס אַרבעטער קינד דאַרף וויסן, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון אַמעריקע איז די פּאַרטיי, וואָס דינט די אינטערעסן פון די אָרימע און פאַר־שקלאַפטע. זי לאָזט ניט, אַז די קאַפּיטאַליסטן זאָלן ווידער פאַרנאַרן די אַר־בעטער אין אַ בלוטיקער מילכאָמע.

דער גרינדער פון דער פּאַרטיי בא אונז אין לאַנד און דער עמעסער העלד קעגן מילכאָמע איז געווען — טשאַרלס ע. רוטענבערג. וועגן אים וועט דער־ציילט ווערן ווייטער אין דעם ביכל.

## 2. רוטענבערג, אָהייאָ

פון קליוולאַנד, אָהייאָ האָבן מיר אַלע געהערט, נאָר ניט פון רוטענבערג, אָהייאָ. ס'איז טאַקע דערווייל ניטאָ קיין רוטענבערג, אָהייאָ, נאָר אין דעם יאָר 1919 האָבן די קאַפּיטאַליסטן מוירע געהאַט, אַז קליוולאַנד זאָל יוערן רוטענבערג, דאָס הייסט, אַז די אַרבעטער זאָלן בייטן דעם נאָמען פון דער שטאָט. פאַרוואָס? ווייל רוטענבערג איז דאַן געווען אַזוי באַליבט בא אַלע אַרבעטער פון קליוולאַנד און איבערן גאַנצן לאַנד. און וואָס מער די אַר־בעטער האָבן אים ליב געהאַט, אַלץ מער האָבן אים די קאַפּיטאַליסטן געהאַסט, און ער זיי — נאָך מער.

ווי קומט רוטענבערג קיין קליוולאַנד? ער איז דאָרט געבאָרן געוואָרן דעם 9טן יולי, 1882. מיר ווייסן ווינציק וועגן זיינע קינדער־יאָרן. ער איז שטענדיק געווען צו פאַרנומען צו רעדן וועגן זיין אייגן לעבן. זיין פאָטער

איז געווען א האפן־ארבעטער, געקומען אהער פון דייטשלאנד. דער זון, טשארלס, האט געוואוסט וואס ארעמקייט מיינט פון זיינע יונגע יארן אן, ווייל ער האט געדארפט גיין ארבעטן און פארדינען זיין ברויט. טשארלס האט געארבעט און זיך געלערנט אין דערזעלבער צייט. ער איז געווען א פאבריק־ארבעטער, א קלויערק, א צייטונג־קארעספאנדענט און ער איז געווען דער הויפט פון א קארעספאנדענץ־דעפארטמענט פון א גרויסער פאבריק אין קליוולאנד.

אין שאפ, אין פאבריק, אין אפיס האט רוטענבערג דערזען דעם עמעס וועגן ארבעטער לעבן. ער האט נים געטראכט צו אנטלויפן פון די ארבעטער און ווערן איינער פון רייכן קלאס און לעבן אין פארגעניגן. ניין. ער באלאנגט צו די ארבעטער. זיין פאטער האט באלאנגט צו די ארבעטער. ער האט פארשטאנען, אז די צוקונפט פון דער וועלט געהערט צו די וואס בויען און שאפן אלץ — די ארבעטער.

עמעס, דעם ארבעטער לעבט זיך זייער שלעכט. ער איז פארשקלאפט צו א באנדע רייכע פאראזיטן, וואס האבן אין זייערע הענט די רעגירונג מיט דער פאליציי. וואס־זשע דארף מען טאן? עס איז קלאר געווען בא רוטענבערגן, אז מע דארף העלפן דעם ארבעטער זיך באפרייען פון די רויבער, וואס זיצן אף זיין קארק. ווי אזוי? מע דארף זיך ארגאניזירן. איינער איז קיינער. ווען אלע ארבעטער זאלן פארשטיין די וויכטיקייט פון קעמפן צוזאמען קענן זעלביקן סוינע, דאן וועט אמעריקע באלאנגען צו די וואס האבן זי אויפגע־בויט און וואס בויען זי יעדן טאג, — די פראלעטאריער.

רוטענבערג ווערט אן ארגאניזאטאר פון די ארבעטער. ער נעמט אנטייל אין סטרייקס פאר בעסערע באדינגונגען. ער פירט סטרייקס פאר מער סכירעס, פאר סאניטארישע שעפער, קעגן קינדער־פארשקלאפונג, פאר קירצערע שטונדן. די ארבעטער דערזעען אין אים אן עמעסן פריינט.

אין 1909 ווערט רוטענבערג א מיטגליד פון דער סאציאליסטישער פארטיי, וואס איז אין יענער צייט געווען די פארטיי פון די ארבעטער. מע דערזעט גלייך, אז ער איז א גוטער ארגאניזאטאר, אן איבערגעגעבענער טוער און אז ער איז באליבט בא די מאסן פון זיין שטאט, קליוולאנד.

אין א יאר ארום, אין 1910, נאמינירט אים די פארטיי פאר סטייט־טרעזשורער פון אהייא. ער פארט ארום איבער דער שטאט און רעדט צו טויזנטער ארבעטער וועגן זייערע אינטערעסן.

אין 1911 איז רוטענבערג דער סאציאליסטישער קאנדידאט פאר מעיאר פון קליוולאנד. ער ווערט אזוי באליבט בא די באוואוסטזיניקע ארבעטער, אז זיי נאמינירן אים פאר גאווערנאר־קאנדידאט אין 1912. אין יענעם יאר

ווערט רוטענבערג דער רעדאקטאר פון א סאָציאַליסטישער צייטונג „קליוו־לענד סאָשעליסט". ער פארשטייט, אז די קאפיטאַליסטישע צייטונגען פאר־סאמען די מויכעס פון די ארבעטער און דערפאר איז דורכוים נויטיק, אז די ארבעטער זאָלן האָבן און לעזן אייגענע צייטונגען, וואָס זאָלן פאר זיי קעמפן.

א דאנק רוטענבערג'ס פיאיקייטן ווערט דער סאָציאַליסטישער פארטיי לאָקאַל אין קליוולאנד איינער פון די בעסטע איבערן גאנצן לאַנד. ער האָט פארשטאַנען, אז קעדיי די ארבעטער זאָלן דערזען, אז די פארטיי איז זייער פריינט, איז נויטיק זיך אָפצוגעבן מיט די לאָקאַלע אישוס, מיט דעם וואָס די ארבעטער פאָדערן אין שטאָט. דאָס האָט רוטענבערג געטאָן. ער האָט זיך אָנגענומען פאר זיי, געקעמפט צוזאַמען מיט זיי פאר די באַלדיקע אינטערעסן.

אין 1913 ווערט ער דער סעקרעטאר און שטאָט־אָרגאַניזאַטאָר פון דער סאָציאַליסטישער פארטיי אין קליוולאנד. ער איז אויך דער קאנדידאט צום סענאט פון די פאריייניקטע שטאַטן.

אין 1915 איז ער ווידער קאנדידאט פאר מעיאָר און אין 1916 — א קאנדידאט פארן קאָנגרעס.

און אָט קומט אָן דאָס יאָר 1917. דאָ וועלן מיר זיך אָפשטעלן.

## 3. אַמעריקע טרעט אַריין אין דער מילכאָמע

אין אַפּריל 1917 האָט פּרעזידענט ווילסאָן דערקלערט מילכאָמע קעגן דייטשלאַנד. האָבן די אַמעריקאַנער ארבעטער אים געהייסן דערקלערן מיל־כאָמע? ניין, פונקט פאַרקערט. ער איז דערוויילט געוואָרן, ווייל ער האָט צוגעזאָגט, אז ער וועט אַמעריקע אויסהיטן פון דער מילכאָמע.

די ארבעטער האָבן דאַן געקענט אָפּשטעלן די מילכאָמע, נאָר זיי האָבן זיך געלאָזט פאַרנאַרן פון זייערע פאַלשע, פאַרקויפטע פירער, ווי די פירער פון דער „אַמעריקען פעדערײשן אָף לייבאָר", וועלכע דינען מער די אינטערעסן פון די באָסעס, ווי די ארבעטער.

וואָס האָט די מילכאָמע־אויפגעטאָן פאר די ארבעטער אין אַמעריקע? אויף די פעלדער פון פראנקרייך זיינען געבליבן איבער הונדערט טויזנט טויטע אַמעריקאַנער יונגלעך. אהיים געקומען זיינען טויזנטער סאָלדאַטן פאַר־קריפּלטע אויפן גאַנצן לעבן: מיט אָפּגעהאַקטע פיס און הענט, געגעזט, מע־שוגע געוואָרענע; צעבראָכענע לעבנס אויף שטענדיק. די וואָס זיינען געוועזן גליקלעך און זיינען צוריקגעקומען מיט גאַנצע ביינער, האָבן אויסגעפונען, אז זיי האָבן מער קיין דזשאָבס ניט.

די באַלעבאַטים האָבן, אונטערן געשריי פון פּאַטריאָטיזם, נאָך מער פארשקלאַפט די ארבעטער, געשניטן סכירעס, צעשטערט יוניאָנס, אריינגעזעצט אין טורמע יעדן איינעם וואָס האָט געוואָגט צו זאָגן א וואָרט קעגן זייערע פירונגען. מע האָט די ארבעטער אפילו ניט געלאָזט סטרייקן. אין 1917 זיינען איבערן לאַנד פאָרגעקומען 4324 סטרייקס און אין א יאָר ארום בלויז 1515.

פון דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון די ארבעטער האָבן די רייכע אָנגעשעפּט פּראָפיט. פון דער מילכאָמע זיינען צוגעקומען צוואַנציק טויזנט נייע מיליאָנערן אין אמעריקע. אָט ווער עס האָט געוואונען פון דער לעצטער מילכאָמע.

אין אַפּריל 1917 איז אין סט. לואיס פאָרגעקומען א צוזאַמענפאָר פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. טשאַרלס רוטענבערג האָט שטאַרק געקעמפט דערפאַר, עס זאָל אָנגענומען ווערן א רעזאָלוציע, אז די פּאַרטיי איז קעגן א מילכאָמע וואָס ווערט געפירט פון דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס פאַר זיינע איינענע צוועקן, און אז דער ארבעטער קלאַס אנערקענט בלויז די מילכאָמע, וואָס וועט געפירט ווערן פון דעם פּראָלעטאַריאַט קעגן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס.

א סאַך פון די סאָציאַליסטישע פירער האָבן אָבער באַלד פאַראַטן די אינטערעסן פון די ארבעטער און זיי האָבן געהאָלפן די קאַפּיטאַליסטן אריינגאַרן די ארבעטער אין דער בלוטיקער מילכאָמע.

ניט אזוי האָט אָבער געטאָן טשאַרלס רוטענבערג. ער האָט מיט אַלע קויכעס געאַרבעט קעגן מילכאָמע, קעגן פאַרגיסן ארבעטער-בלוט. דערפאַר איז ער ארעסטירט געוואָרן און אריינגעזעצט געוואָרן אויף א יאָר טורמע אין קענטאָן, אָהייאָ. ווען מע האָט אים געמישפּעט, האָט ער אין געריכט געהאַלטן א רעדע, און באוויזן, אז ניט ער דאַרף געמישפּעט ווערן, נאָר דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס, וואָס מאַכט מילכאָמעס. ער האָט געזאָגט:

— דאָס איז ניט קיין מילכאָמע פאַר פרייהייט. דאָס איז ניט קיין מילכאָמע פאַר פּרינציפּן. דאָס איז א מילכאָמע פאַר פּראָפיטן און רויב פאַרן הערשנדיקן קלאַס.

אין יענעם יאָר איז רוטענבערג געווען דער סאָציאַליסטישער מעיאָר־קאַנדידאַט פון קליוולאַנד און ער האָט געקראָגן 27 טויזנט שטימען פון די הונדערט טויזנט, וואָס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר אַלע פּאַרטייען צוזאַמען. דאָס האָט באוויזן, ווי פּאָפּולער ער איז געווען און ווי די ארבעטער זיינען געווען קעגן דער מילכאָמע.

אין קענטאָנער טורמע האָט מען רוטענבערגן געפּייניקט, אז ער זאָל ווערן א „פּאַטריאָט". איינמאָל האָט מען אים אויסגעשפּרייט אויף אן אָדלער־

שטיינער, צונעשמידט די הענט אין דער הויך און אזוי אים געהאלטן צוויי טעג־נאכאנאנד.

יעדעס מאל ווען דער טורמע־אויפפאסער איז פארביינעגאנגען, האט ער נעפרעגט רוטענבערגן: „רוטענבערג, דו גיסט זיך אונטער?" און יעדעס מאל האט רוטענבערג געגעבן דעם זעלבן ענטפער:

„א רעוואלוציאנער גיט זיך ניט אונטער!!"

## 4. רוטענבערג — דער גרינדער פון דער קאמוניסטישער פארטיי אין אמעריקע

מיר האבן געזען אין לעצטן קאפיטל, אז א סאך פירער פון דער סאציאליסטישער פארטיי האבן פאראטן די אינטערעסן פון די ארבעטער און זיי זיינען געווען פאר מילכאמע. עס זיינען אבער אויך געווען עמעטע פירער אין דער פארטיי. די רעוואלוציאנערן אין דער פארטיי זיינען געפירט געווארן פון רוטענבערגן. זיי זיינען געווען אומצופרידן, וואס די פארטיי בויגט זיך פאר די קאפיטאליסטן. רוטענבערג האט דערפאר געקעמפט אף צוויי פראנטן: קעגן דער קאפיטאליסטישער מילכאמע און קעגן די צעשטערער פון רעוואלוציאנערן גייסט אין דער סאציאליסטישער פארטיי.

צווישן די וואס האבן אין יענער צייט געקעמפט קעגן דער מילכאמע איז אויך געווען דער באליבטער אלטער ארבעטער־קעמפער יודזשין וויקטאר דעבס. ווייל מע האט רוטענבערגן געהאט ארעסטירט אין קענטאן, איז דעבס דאפקע אהין געקומען און געהאלטן דארט איינע פון זיינע שטארקסטע רעדעס קעגן מילכאמע. און דערפאר איז ער ארעסטירט געווארן און פארשפארט געווארן אין איינער פון די ערנסטע טורמעס, אין אטלאנטא, אויף צען יאר.

די באוואוסטזיניקע אמעריקאנער ארבעטער האבן שוין דאן פארשטאנען, אז מילכאמעס קענען אפגעשאפט ווערן בלויז דאן, ווען מע וועט אפשאפן דעם קאפיטאליזם. די נאוועמבער רעוואלוציע אין רוסלאנד איז געווען דער בעסטער ביישפיל פאר די ארבעטער דא אין לאנד ווי אזוי צו קעמפן און זיגן. נאר אין דער צייט, ווען די ארבעטער האבן זיך דא געפרייט מיט יעדן נייעם זיג פון זייערע ברידער אין רוסלאנד, האבן אבער א סאך סאציאליסטישע פירער געקריצט מיט די ציין. זיי האבן זיך ניט געפרייט מיט דער נאוועמבער רעוואלוציע. זיי האבן געוואלט, אז די מילכאמע זאל זיך פארציען.

זיינען די הינע פארטיי מיטגלידער געווען רעוואלוציאנער און א סאך פון זייערע פירער — צוריקגעשטאנען. האבן די פירער אנגעהויבן אויס־

שליסן טויזנטער מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ביז עס איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג.

אין סעפּטעמבער 1919 איז געבאָרן געוואָרן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס איז די פּאַרטיי, וואָס וועט נאָכפאָלגן די ביישפּילן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד און איינפירן דאָ אַ סאָוועטן־רעגירונג. דאָס איז די פּאַרטיי פון לענין, די פּאַרטיי פון מארקס און ענגעלס. דער אָרגאַניזאַטאָר און ערשטער סעקרעטאַר אירער איז געווען טשאַרלס ע. רוטענבערג.

נאָך פאַר אַז דער גרויסער אַרבעט פאַרן אַמעריקאַנער אַרבעטער קלאַס האָט די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג אים „באַלוינט" מיט צוויי יאָר טורמע אין סינג־סינג. די אַרבעט האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט.

די רעגירונג האָט גערעכנט אַז דורך דעם וואָס זי וועט אַריינזעצן די בעסטע זין פון אַרבעטער־קלאַס אין טורמעס, וועט זי אָפּהאַלטן דעם רעוואָ־לוציאָנערן גייסט. פּאַסירט האָט אָבער פאַרקערט. רוטענבערג האָט געזאָגט: „קאַפּיטאַליזם קען פאַרשפּאַרן מענטשן אין טורמע; מע קאָן אָבער ניט אַריינזעצן די פּאַרטיי אין טורמע."

די רעגירונג האָט דאָן ניט געלאָזט די אַרבעטער אין אַמעריקע פייערן דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער יאָנטעוו, דעם ערשטן מיי. רוטענבערג האָט באַשלאָסן, אַז דער יאָנטעוו מוז געפייערט ווערן. און מען האָט זיך אָנגעהויבן צוגרייטן צו דער ערשטער מיי פייערונג אין קליוולאַנד, אין 1919. רוטענבערג איז נאָר וואָס געהאַט אַרויסגעקומען פון דער קענטאָנער טורמע, וואו ער איז געזעסן אַ יאָר צייט. ער האָט זיך גלייך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו אָרגאַניזירן די ערשטע מיי דעמאָנסטראַציע.

איבער הונדערט אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס האָבן באַשלאָסן אָנטייל צו נעמען אין פּאַראַד. אַ האַלב מיליאָן קאָפּיעס פון אַנטי מילכאָמע ליטעראַטור איז פאַרשפּרייט געוואָרן. פון פיר טיילן שטאָט האָבן די אַרבעטער געדאַרפט מאַרשירן און זיך צוזאַמענטרעפן אויפן פּאַבליק סקווער. אין יעדער דיוויזיע האָבן מאַרשירט סאָלדאַטן, אָנגעטאָן אין זייערע יוניפאָרמס, הינטער זיי — די יוניאָנס מיט פּלאַקאַטן, וואָס האָבן אויסגעדריקט זייערע פאָרלאַנגען, נאָך זיי — מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי; נאָך זיי די פרויען און קינדער.

איבער 40 טויזנט אַרבעטער האָבן מאַרשירט, אָנגעפירט פון טשאַרלס רוטענבערג, צום פּאַבליק סקווער. די פּאָליציי האָט ניט געפונען פאַר נויטיק צו קאָנטראָלירן דעם גאַסן־פאַרקער, האָבן די מאַרשירער אויסגעטיילט פון זיך סאָלדאַטן אין יוניפאָרמס און זיי האָבן געטאָן די אַרבעט.

ווען די מאַרשירער זיינען צוגעקומען צום סקווער, האָבן זיי פאַר זיך דערזען אזא בילד: דער גאַנצער סקווער איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן. פון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען? זיינען זיי געקומען שטערן די מאַרשירער? (די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען האָבן געהאַלטן אין איין העצן זייערע לעזער קעגן רוטענבערגן און די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער.) עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דער ריזיקער עולם אויפן סקווער האָט די אָנגעקומענע דעמאָנסטראַנטן אויפגענומען מיט אַ שטורעם פון אַפּלאָז. דאָס זיינען פּונקט טויזנט קליוולאַנדער אַרבעטער געקומען אויסדריקן זייער סימפּאַטיע צו די וואָס האָבן פּראָטעסטירט קעגן קריג און וואָס זיינען באַשטאַנען אויפן רעכט צו פייערן דעם אייגענעם, אַרבעטער יאָנטעוו.

רוטענבערג האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער הויכער פּלאַטפאָרמע און אָנגעהויבן אַדרעסירן די גרעסטע דעמאָנסטראַציע וואָס קליוולאַנד האָט געזען. ער האָט געוואָלט דערקלערן, פאַרוואָס דער ערשטער מיי איז דער יאָנטעוו פון אַלע אַרבעטער אויף דער גאַנצער וועלט; ער האָט געוואָלט רעדן וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט, וואָס עקזיסטירט צווישן אַלע פאַרשקלאַפטע און אַרבעטער־לייט און פאַרוואָס די אַרבעטער פון איין לאַנד האָבן ניט קיין אורזאַך אָנצופאַלן אויף זייערע ברידער פון אַ צווייטן לאַנד...

עס איז געווען שטיל. דער עולם האָט זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט. נאָר מיטאַמאָל — רוטענבערג האָט געהאַט גערעדט בלויז פינף מינוט — האָבן זיך פון אַלע זייטן סקווער אַ לאָז געטאָן, ווי ווילדע באַיעס, פּאָליסלייט אויף פערד, פּאָליסלייט מיט קלאָבס אין די הענט, מיט ביקסן און פּיסטאָלס, אין געפּאַנצערטע קארס, — און אָנגעהויבן שלאָגן און שיסן אויף די מענער, פרויען און קינדער, וואָס זיינען געשטאַנען צוזאַמענגעדריקטע אויפן סקווער.

אויסער די פּאָליסלייט האָבן זיך נאָך אויפן עולם אַ לאָז געטאָן פּריוואַטע דעטעקטיוון און גענגסטערס וואָס זיינען געדונגען געוואָרן פון דעם טשעמבער אָוו קאָמערס פון קליוולאַנד, און זיי האָבן אָנגעהויבן שלאָגן די אַרבעטער מיט אייזערנע שטעקנס, וואָס זיינען ספּעציעל צוגעגרייט געוואָרן פון דער פירמע אָטאָמאָביל פאַבריק אין קליוולאַנד.

הונדערטער אַרבעטער זיינען גלייך פאַרוואונדעט געוואָרן, צוויי זיינען געפאַלן טויט און די וואָס האָבן ניט באַוויזן צו אַנטלויפן און זיך צו ראַטעווען פון די מערדער, זיינען נאָך אַרעסטירט געוואָרן. הונדערטער זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין טורמעס.

רוטענבערג איז ניט אַנטלאָפן, ער האָט געהאָלפן די פאַרוואונדעטע. די פּאָליציי האָט אים אַרעסטירט און ער איז אָנגעקלאָגט געוואָרן אין מאָרד.

אָנשטאָט אָנקלאָגן די פּאָליציי און די מיליאָנערן, וואָס האָבן געשיקט די געננסטערס, האָבן זיי אָנגעקלאָגט רוטענבערגן. כּדי ער זאָל ניט קענען אַרויס אויף בייל, האָט מען אים געשטעלט אונטער הונדערט טויזנט דאָלאַר בייל, נאָר די ריכטער זײַנען געצוואונגען געוואָרן צו פאַרקלענערן די בייל צו צען טויזנט דאָלער און די סומע איז געשאַפן געוואָרן און רוטענבערג איז אַרויס אויף דער פריי.

זײַן פּראָצעס איז פאָרגעקומען אַ יאָר שפּעטער. די דזשורי האָט זיך באַראָטן דריי טעג צייט און אים באַפרייט פון אַלע קלאַגעס.

## 5. רוטענבערג גייט אין לענינס וועג

לאַנג זײַן אויף דער פריי איז אָבער רוטענבערגן ניט באַשערט געווען. די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג האָט דערפילט, אַז דער אַרבעטער קלאַס אין אַמעריקע דערוואַכט, אַז ער וועט זיך מער ניט לאָזן גענאַרן פון די שיינע ווערטער פון פּרעזידענט ווילסאָן. אין 1919 איז פאָרגעקומען דער גרויסער שטאָל סטרייק, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט אַרום אַ האַלב מיליאָן אַרבעטער. עס האָבן נאָכגעפאָלגט גרויסע סטרייקס אין אַנדערע אינדוסטריעס פון לאַנד.

די ניי געגרינדעטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט זיך ניט געשפּילט אין ווערטער, ווי די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. זי האָט זיך אַ נעם געטאָן אויף אָן עמעס אָרגאַניזירן די ניט־אָרגאַניזירטע. זי האָט געקעמפט פאַר בעסערע באַדינגונגען פאַר די אַרבעטער. זי האָט אָבער, אין דער זעלבער צייט, אויפגעקלערט די אַרבעטער און זיי צוגעגרייט אָראָפּצוואַרפן די קאַפּיטאַליסטישע, רויבערישע אָרדענונג.

די רעגירונג האָט באַשלאָסן אָפּצושטעלן דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט פון די אַרבעטער. ווי אַזוי? דורך טעראָר, דורך אַרײַנזעצן אַרבעטער אין טורמעס, דורך מאָרדן און דעפּאָרטאַציעס. איבער צען טויזנט רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער זײַנען פאַרשיקט געוואָרן אין טורמעס; טויזנטער האָט מען דעפּאָרטירט, הונדערטער זײַנען פאַרמוטשעט געוואָרן אויף טויט אין די טורמעס. דאָס איז געווען די צייט פון די פּאַלמער־ריידס. פּאַלמער איז געווען דעם אַטורני דזשענעראַל פון פּרעזידענט ווילסאָנס קאַבינעט.

רוטענבערג איז ווידער אַרעסטירט און פאַרמישפּעט געוואָרן צו זיצן פינף יאָר אין סינג־סינג. יעדעס מאָל וואָס רוטענבערג איז געמישפּעט געוואָרן, האָט ער אין געריכט געהאַלטן אַ רעדע. ער האָט געוואוסט, אַז דורכן געריכט וועט ער רעדן צו די אַרבעטער פון לאַנד און זיי דערקלערן, פאַרוואָס ער

ווערט געמישפעט. אויך דאַסמאָל, אין 1920, האָט ער אין געריכט געהאַלטן א שטאַרקע רעדע און זיך אַזוי אויסגעדריקט:

„פאַר זיך וויל איך בלויז אָט וואָס זאָגן: אין דער פאַרגאַנגענהייט בין איך געגאַנגען אין טורמע פאַר גלויבן אין פּרינציפּן, ווי אַזוי צו רעאָרגאַניזירן די געזעלשאַפט אויף נייע יעסודעס. איך גלויב פעסט אין די פּרינציפּן און איך בין גרייט ווייטער פאַר זיי צו קעמפן. איך נעם אָן דעם אורטייל פון געריכט אין זעלבן גייסט פון ווידערשפעניקייט. איך פאַרשטיי, אַז איך גיי אין טורמע, ווייל איך שטיי א גרויסן אידעאַל, וועלכער וועט זיכער טריאומפירן, ניט געקוקט אויף אַלע שטערונגען פון קאַפּיטאַליסטישן קלאַס."

מיטן בלוט און איבערגעבנקייט פון קעמפער איז געבאָרן געוואָרן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין די פאַראייניקטע שטאַטן. לענין האָט וועגן דעם געזאָגט אַזוי:

„די קאָמוניסטן אין אַמעריקע, וועלכע ווערן פון דער בורזשואַזיע פאַרשיקט אויף לאַנגע טערמינען אין טורמע פאַר קאָמוניסטישער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, באַווייזן פאַר דער וועלט, אַז די קאַפּיטאַליסטישע דעמאָקראַטיע איז אין דער עמעסן א הערשאַפט פון טראַסט־קעניגן, ספּעקולאַנטן, וואָס פאַרשקלאַפן די מאַסן."

רוטענבערג איז געווען א גוטער ביישפּיל ווי ריכטיק לענינס ווערטער זיינען. וואָס מער ער האָט געדינט דעם אַרבעטער־קלאַס, אַלץ מער איז ער געפּייניקט געוואָרן פון די רייכע. זיינע בעסטע יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין טורמע. נאָר זיין פּאַרטיי האָט די בורזשואַזיע אין טורמע ניט געקענט פאַרשפּאַרן. די פּאַרטיי איז געוואַקסן. די פּאַרטיי איז געוואָרן די פּאַרטיי פון לענינען, די פּאַרטיי פון עמעסע קעמפער־באָלשעוויקעס.

ווי נאָר רוטענבערג איז אין יאָר 1922 באַפרייט געוואָרן פון סינג־סינג, איז ער גלייך געוואָרן דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך דאַן גערופן די „וואָרקערס פּאַרטיי". די פּאַלמער־רעידס האָבן געטריבן די פּאַרטיי אונטער דער ערד. די רעגירונג האָט אומעטום געהאַט אירע שפּיאָנען. די אַרבעטער זיינען געצוואונגען געוואָרן אָפּצוהאַלטן זייערע מיטינגען אין געהיים, ווי אַמאָל אונטערן צאַר אין רוסלאַנד.

אין אויגוסט 1922 איז פאָרגעקומען די קאָנווענשאָן פון דער פּאַרטיי. נים אין א זאַל, ניט אין א גרויסער שטאָט, נאָר אין געהיים איז זי פאָרגעקומען, אין ברידזשמען, מישיגען, אין א וואַלד, לעבן א פאַרם־הויז. אין מיטן דער קאָנווענשאָן האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די פּאָליציי גייט מאַכן אן איבערפאַל. מע האָט גלייך געמוזט אַנטלויפן. די כאַווײרים האָבן זיך געבעטן ביי רוטענבערגן, אַז ער זאָל אַוועק. זיי האָבן געוואָרט פאַרהיטן זיין

נעזונט, זיי האָבן ניט געוואָלט, אז ער זאָל ווידער אַריינפאלן אין טורמע. נאָר רוטענבערג האָט זיי דאָסמאָל ניט נעפאָלגט. ער איז געווען דער סעקרעטאר, דער קאַפּיטאַן פון דער שיף — און אַ קאַפּיטאַן דאַרף זען, אז אַלע זאָל זיין אין אָרדנונג און ער איז דער לעצטער צו פאַרלאָזן אין צייט פון נעפאַר. אזוי האָט אויך רוטענבערג געטאָן. ער האָט אָנגעפירט מיט דער ארבעט. אוועקגעשיקט די דעלעגאטן, געזען, אז די וויכטיקסטע פּאַפּירן זאָלן ניט אַריינפאלן אין די הענט פון דער פּאָליציי.

רוטענבערג איז אַרעסטירט געוואָרן. מיט אים אויך עטלעכע און דרייסיק דעלעגאטן. מע האָט די אַרעסטירטע געשמידט אין קייטן און זיי אזוי אַריינגעפירט אין דעם דערבייאיקן שטעטל, סט. דזשאָזעף.

ארום א יאָר שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן די פּראָצעסן פון די אַרעסטירטע בא דער ברידזשמענער קאָנווענשאָן. פריער האָט מען געמישפּעט דעם באַרימטן ארבעטער־פירער וויליאם ז. פאָסטער. ער איז פון דער דזשורי באפרייט געוואָרן. דעם צווייטן האָט מען געמישפּעט טשארלס רוטענבערגן.

איצט איז שוין די רעגירונג געווען פאָרזיכטיק. זי האָט זיך שוין געזאָרגט דערפאר, אז די דזשורי זאָל רוטענבערגן ניט באפרייען. רוטענבערג האָט אין געריכט געהאלטן א וואונדערבארע רעדע, אין וועלכער ער האָט קלאָר געמאכט, אז די פּארטיי איז א סעקציע פון קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל און אז איר ציל איז צו באפרייען זיך פון דעם קאפּיטאַליסטישן יאָך.

די דזשורי האָט רוטענבערגן געפונען שולדיק. יאָרן לאַנג איז דער אורטייל געהאנגען איבער זיין קאָפּ. די פּארטיידיקער האָבן געהאלטן אין איין אפּעלירן אין העכערע געריכטן. רוטענבערגן האָט עס ווינציק געארט. זיין ארבעט איז געווען : בויען די פּארטיי.

רוטענבערג איז געווען הויך געוואקסן, פעסט געבויט, שלאַנק און בויגיק, בלוילעך־גרינע אויגן, א זאַפטיקע שטימע, געלאָסן. זיך קיינמאָל ניט געקלאָגט אף זיין שווער לעבן, אף שווערער ארבעט. ער איז געווען א געבאָרענער אמעריקאנער פירער. זיינע לערער זיינען געווען קארל מארקס און לענין. זיין ציל איז געווען — די באפרייאונג פון ארבעטער־קלאס אין אמעריקע. קיין זאַך איז פאר אים ניט געווען צו שווער. ארבעט איז געווען גאָר א סאַך. דאָס לעבן פון אן ארבעטער־פירער איז זייער אָנגעשטרענגט. מע רוט ניט טאָג און נאַכט.

רוטענבערג האָט זיך דערפילט קראַנק, נאָר זיך ניט געקלאָגט פאר קיינעם. קראַנקערהייט איז ער געפאָרן צו א מיטינג לעבן שיקאַגאָ. דאָס איז געווען

מערץ דעם ערשטן, 1927. א מאַנ שפּעטער, דעם צווייטן מערץ, איז טשאַרלס רוטענבערג געשטאָרבן אין א שפּיטאָל אין שיקאַגאָ.

נאָר ווי אַן עמעסער פירער, האָט ער אויך פאַרן טויט אָנגעזאָגט די באַווײַרים וואָס צו טאָן. זײַנע לעצטע ווערטער זיינען געווען:

„זאָגט די כאַווייַרים, זיי זאָלן שליסן זייערע רייען און בויען די פּאַרטיי. דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־קלאַס, אונטער דער פירערשאַפט פון אונזער פּאַרטיי און פון קאָמינטערן, וועט געווינען. לאָמיר אָנגיין מיט אונזער קאַמף!"

נים בלויז אין אַמעריקע, נאָר אַף דער גאַנצער וועלט, האָבן אַרבעטער געטרויערט אַפן טויט פון דעם גרינדער פון דער אַמעריקאַנער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וועלכער איז געשטאָרבן אַזוי יונג, צו 44 יאָר.

אין אַשלאַנד אָדיטאָריום, אין שיקאַגאָ, וואו רוטענבערג איז געלעגן, האָבן די פּיאָנערן, אין זייערע רויטע טיכלעך, געשוואָרן מיט אויפגעהויבענע אָרעמס צו גיין אין רוטענבערגס וועגן. איבער 15 טויזנט אַרבעטער האָבן זיך באַטייליקט אין דער טרויער־דעמאָנסטראַציע אין שיקאַגאָ. טויזנטער האָבן אָנטייל גענומען אין קליוולאַנד, דעטראָיט, פּיטסבורג, פילאַדעלפיע, באָסטאָן. דעם זיבעטן מערץ האָט מען אין ניו יאָרק דורכגעפירט א ריזיקע טרויער־דעמאָנסטראַציע.

דעם פערטן מערץ האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון דער ערשטער אַרבעטער־רעגירונג אַף דער וועלט, די פּאַרטיי פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, טעלעגראַפירט איר טרויער צו די אַרבעטער אין אַמעריקע און זי האָט געבעטן, אַז רוטענבערגס אַש זאָל געשיקט ווערן קיין מאָסקווע, וואו עס וועט באַהאַלטן ווערן אונטער דער קרעמל־וואַנט, מיט די העלדן פון דער נאָוועמבער רעוואָלוציע. אַזוי איז טאַקע געטאָן געוואָרן.

לאָמיר געדענקען רוטענבערגס לעצטע ווערטער פאַר זיין טויט:

„לאָמיר אָנגיין מיט אונזער קאַמף!"

זאָל יעדעס אַרבעטער־קינד העלפן בויען די פּאַרטיי, וועלכע דער מוטיקער קעמפער רוטענבערג האָט געגרינדעט. נאָר דורך קאַמף און שווערער אַרבעט וועלן מיר געווינען די באַפרייאונג פון אַרבעטער־קלאַס אין אַמעריקע און אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

# פאַרלאַג אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן

## שול-ביכער:

### ארבעטער שול — פאַרן ערשטן יאָר
צוזאַמענגעשטעלט פון א. מייזר און ב. פרידמאַן. 160 זייטן, געבונדן. פרייז 60 סענט. פאַר שולן 30 סענט.

### ארבעטער שול
פאַרן צווייטן יאָר. צוזאַמענגעשטעלט פון א. מייזר און ב. פרידמאַן. 160 זייטן, געבונדן. פרייז 70 סענט. פאַר שולן 35 סענט.

### ארבעטער שול — פאַרן דריטן יאָר
צוזאַמענגעשטעלט פון ב. פרידמאַן, 192 זייטן, געבונדן. פרייז 80 סענט. פאַר שולן 40 סענט.

### ארבעטער שול — פאַרן פערטן יאָר
צוזאַמענגעשטעלט פון נ. קאַמינעצקי און מ. שיפריס. 208 זייטן, געבונדן. פרייז $1.00. פאַר שולן 50 סענט.

### שטאַט
פאַרן דריטן און פערטן לערנייאָר. פרייז 25 סענט. פאַר אונדזערע שולן 15 ס.

### אונדזער שול
פאַרן דריטן און פערטן לערנייאָר. פרייז 25 סענט. פאַר אונדזערע שולן 15 ס.

### אמעריקע
פאַרן 4טן לערנייאָר (64 זייטן). פרייז 25 סענט. פאַר אונדזערע שולן 15 ס.

### ערשטער מיי
פאַרן דריטן און פערטן לערנייאָר. פרייז 10 סענט. פאַר אונדזערע שולן 5 סענט.

### צום נייעם לעבן
פאַרן דריטן לערנייאָר (96 זייטן). פרייז 35 סענט. פאַר שולן 15 סענט.

### דער נאָוועמבער
פאַרן 4טן לערנייאָר (96 זייטן). פרייז 35 סענט. פאַר אונדזערע שולן 15 ס.

### ארבעט און קאַמף
פאַרן דריטן און פערטן לערנייאָר. פרייז 40 סענט. פאַר אונדזערע שולן 15 ס.

## פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע ביכער:

### דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אָרדן
געשיכטע, אויפגאַבן, ציל. פון מ. אָלגין. 58 זייטן. פרייז 25 סענט. פאַר ברענטשעס פון אינט. אַרב. אָרדן 10 ס.

### סאָוועטן-פאַרבאַנד בויט סאָציאַליזם
פון מלך עפּשטיין, מיט אילוסטראַציעס (128 זייטן). פרייז 35 סענט. פאַר ברענטשעס פון א. א. א. 15 סענט.

### סאָציאַלע פאַרזיכערונג
(אין אַמעריקע און אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, און אין סאָוועטן-פאַרבאַנד). פון ש. אַלמאַזאָוו. 96 זייטן. פרייז 40 סענט. פאַר ברענטשעס פון אינט. אַרב. אָרדן 15 סענט.

### די מלחמה-געפאַר
פון אַלעקסאַנדער ביטלמאַן. 48 זייטן. פרייז 20 סענט. פאַר ברענטשעס פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרב. אָרדן 10 סענט.

### קאַפּיטאַליזם — סאָציאַליזם — קאָמוניזם
א קורס פון 15 לעקציעס. 98 זייטן. פרייז 50 סענט. פאַר מיטגלידער פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרב. אָרדן 25 ס.

### רעוואָלט מאָמענטן אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע
פון י. בירמאַן. 128 זייטן. פרייז 50 סענט. פאַר אונדזערע מיטגלידער 30 ס.

### פאַלעסטינע, די אַראַבער, דער ציוניזם
פון פ. נאָוויק. 153 זייטן. פרייז 50 סענט. פאַר אונדזערע ברענטשעס 25 ס.

### קלאַסנקאַמפן אין אַלטערטום
פון קלמן מרמר. 432 זייטן. פרייז $2.00. פאַר אונדזערע ברענטשעס $1.00.

INTERNATIONAL WORKERS ORDER, Inc.
80 Fifth Avenue
New York, N. Y.